# „בלומען“

## פּאָעזיע פאַר קינדער

גרינינקע ביימעלעך 1914—1915





ווילנע 1921

ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין.

# אינהאַלט:

# א גאַסט פּאָרט.

אַ גאַסט פּאָרט, אַ גאַסט פּאָרט —
שפּנט אלע בראָמען!
ניט אויף שליטן, ניט אויף רײַדער;
טרעפט, ווי איז זײַן נאָמען?

א גאַסט פּאָרט, אַ גאַסט פּאָרט —
גײט ארויס מיט פּאָנעס:
פולע קעשענעס און הויפנס
ברענגט ער אונז מתנות.

ניט קײַן ניס און ניט קײַן עפּל,
ניט אפילו באַרן, —
און ער ברענגט אונז, און ער ברענגט אונז
פֿויגלאך גאַנצע שאַרן;

ניט קײַן ביכלאך, ניט קײַן צאַצקעס
ניט אַפילו שטריקלאך, —
און ער ברענגט אונז, און ער ברענגט אונז
גראָז אויף אלע בריקלאך.

# בלומען

גראָז אויף בריקלאַך, זאַמד אויף בערגלאַך—
וועלן מיר זיך שפּילן, —
אַז מיר ווילן—איז אין פעלדלאַך,
און אויב ניט—אין מילן.

און אין חדר—האַלבע טאָג נאָר,
ד'רבי—אַ פאַרטראַכטער,
ניט ער שרייט און ניט ער מוסערט:
אַז מיר שטיפן, לאַכט ער.

אויב אַזוי, איז ניט געשלאָפן,
קינדער, נעמט זיך, נעמט זיך!
אוי, דער רבי וואָלט אויך שפּילן,
נאָר דער רבי שעמט זיך.

אַ גאַנצע פאַרט, אַ גאַנצע פאַרט,
עפנט אַלע בראָמען!
ניט אויף שליטן, ניט אויף רעדער —
פרילינג איז זיין נאָמען!

משה טייטש.



# אָנהייב פרילינג.

די טעג ווערן גרעסער און גרעסער,
די זון גיט מיט שטראלן א שנאָם,
און ס'פאלן אראם אלע שלעסער
פון ווינטערס באַוילבערטן שלאָם.

דאן שפרינגט גלייך ארוים פון די ברעגן
דער טייך, ווי א היציקער פערד —
ער לאָזט זיך גאלאָפּ אויף די וועגן
און רייסט אונטער זיך שטיקער ערד.

עס ווערט באלד די הרעבליע פארטרונקען,
און קיין נאָם עם האלט זיך דער בריק,
נאר איבער א נאכט ווערט פארזונקען
דער טייך אין די ברעגן צוריק.

און ס'ווערט זיך די לאנקע באַטויבערט,
גלייך ווי א געוואַשענעם קינד,
און אלץ שטעט פון פרילינג באַטויבערט,
בפלעשצעט פון ווארימען ווינט.

ד. טשאָרני.



# קוקו!...

(פריי פון דייטש).

ס'שיינט די זון, די לופט — אַ חיות.
בלוי דער הימל, ס'פייכל ברומט.
די קוקאווקע זאָגט נביאות:
קוקו! קוקו! פרילינג קומט!

קוקו! קוקו! קומט אין וואַלד,
לאָמיר שפּילן, לויפן, שפּרינגען!
פרילינג, פרילינג ווערט עס באַלד!
לאָמיר טאַנצן, לאַכן, זינגען!

לאָמיר וואַנדערען דורך פעלדער,
לאָמיר שפּרייזן איבער וועלדער,
לאָמיר לוסטיג, פריילאַך זיין:
פרילינג, פרילינג שטעל זיך איין!

# בלומען

די קוקאווקע לאכט און רופט:
קוקו! קוקו! כ'האב געטראפן!
וואס, דער ווינטער איז אנטלאפן,
וואס, ווי מילד, ווי ריין די לופט!

קוקו!—אויס מיט קאלטע שנייען!
קוקו!—לינדע ווינטלאך וויען!
קוקו! קוקו!—ס'גרינט און ס'בלומט!
קוקו! קוקו—פרילינג קומט!





# פרילינג.

כ'קום צו אייך פון ברייטע פעלדער
מיט די פריינדלעכסטע גערוסן:
די פארליבטע זון פון פרילינג
האט געשיקט אייך הייסע קושן,

און דער וואלד—א טאסנע־ריח,
און די לאנקע—פרישע בלומען,
און דער פרילינג האט פארבעטן:
איר וואלט קומען, איר וואלט קומען...

נשה טייטש.



# טריפט א רעגנדל...

טריפט א רעגנדל,
טריפט א רעגנדל:
קאפ, קאפ.
אין די שייבעלאך,
אין די דעכעלאך:
קלאפ, קלאפ.

און די פייגעלאך
מיט די הינדעלאך:
ציפ, ציפ,
צו די שטרייכעלאך,
צו די ביימעלאך:
היפ, היפ.

# בלומען

נאר די קינדערלאך
אויפן רעגנדל:
האפ, האפ,
אין דעם לויטערן,
קלארן וואסערל:
שליאפ, שליאפ.

טריפט דאס רעגנדל,
מיט די טראפעלאך:
טיאך, טיאך,
און די קינדערלאך
אויפן רעגנדל:
אך! אך!

אויס דאס רעגנדל
שיינט א זונעלע:
שיין, שיין,
נאר די קינדערלאך —
פלך אין וואסערל
פין, פין!

ג. קערעליק

# זומער-לעב פארנאכט.

1

זומער-טאג פארגייט שוין,
אין זיין פולער פראכט.
אַ, אַ חיות, קינדער,
זומער-לעב פארנאכט!

קינדער, ליבע קינדער!
קומט אין פעלד מיט מיר;
איר וועט זיין סאלדאטן,
איך — דער אפיציר.

שטעלט זיך אויסעט גיכער —
איינס, און צוויי, און דריי!
משה גרשונס, קוק נאר:
טריי-טא, טריי-טא-טריי!

און דו, יאסל פיוולס,
נעם, דו קליינער צניק,
גיך אין מויל צוויי פינגער,
גיב א פייף: פי-פיף!

וינגען זאָלט איר אַלע,
אָבער שיין און הויך;
נו, איצט שטעלט די פּיטלאָך,
גיין זאָל אַוש צו רויך!

II.

גייען מיר שפּאַצירן
צווישן באַרג און טאָל,
וואו עס פלייצט אַ טײַכל,
קלאָרער פון קרישטאָל.

אי, אין פעלד אַ חיות,
נאָר געזונטערהייט!
טריי=טאַ=טרי=טאַ=טריי=טאַ!
ועם, די זון פאַרגייט!

ברענט דער וואַלד פון חייטן,
רויטלט זיך דער טייך,
און דער בלאָער הימל,
איז מיט גין=גאָלד רייך.

בלישטשען גאָלדנע זאַנגען,
בלישטשעט רויטער מאָק,
ערגעץ קוואַקען זשאַבעס:
„קווי-קווי, קווי=קווי, קוואַק!"

פייגעלעך אין גרופּעס
פליען הין, צוריק —

זוכן, פאָרשן, זינגען:
„טשיק, טשיריק, טשיריק!"

הערט איר, ווי דער פאַסטוך
אויף זיין פייפל שפּילט!
ווען, דער וואַלד אין שאָטנס,
ווערט שוין איינגעהילט!

אוי, מיר דאַכט זיך, חברה,
ס'ברומט דאָרט עמיץ ווער...
שאַט, ניט שרעקט זיך, קינדער,
ס'קומט פון וואַלד אַ בער!...

ווער דעם בער וועט כאַפּן
ביי זיין קורצן עק,
דער באַקומט צוקערקעס
ניט — צוויי גאַנצע זעק.

אוי, איר האָט נאָר מורא,
שקצים, וואָס איר זענט!
קוקט זיך צו: דער בער איז
נאָר אַ מענטש מיט הענט...

III.

נו, געשווינדער, קינדער,
אין איין אויגנבליק,
שטעלט זיך אויס אין פאַרלויף,
און אַהיים צוריק!

# בלומען

מאַרש! געשפּאַנט מיט פּיסלאַך,
אײנס, און צװײ, און דרײ!
משה גרשונס, פּויק נאָר:
טרײ־טאַ, טרײ־טאַ, טרײ!

זומער־טאָג פֿאַרגאַנגען
אין זײן פֿולער פּראַכט;
אַ, אַ חיות, קינדער,
זומער־לעב פֿאַרנאַכט!

ב. שאַפּיר,





# רעגן.

קינדערלאך, אוי, קינדערלאך!
אַ רעגנדל נאָר וואונדערלאך,
שמעקנדיקע טראָפּעלאך!
אַ רעגנדל איז גאָטס געזאַנג,
קומט אַרויס און טאַנצט אַ ראָד!
מיט בלויזע פּיס און קעפּעלאך!

גאָרנישט קילערן, גאָרנישט פּרעגן,
קינדער וואַקסן אויפן רעגן,
ווי די בלומען, ווי די זאַנגען!
נאַקעטע קעפּלאך, נאַקעטע פּיס,
וואַקסט פון יעדן קינד אַ ריז
ביזן הימל צו דערלאַנגען.

י. ל. פּרץ.



# זומער-ליד.

אין א פרישן קראַנץ פון וואגנס,
פריי פון טרויער און פון קומער,
אויף די טאָלן, אויף די פעלדער
שוועבט דער שיינער, ליבער זומער.

זומער-פייגעלאַך פון גאָרטן,
סטאַיעס-בינען פון די שטאָקן
פליען אום און טאַנצן, שפּרינגען
איבער ויינס שוואַרצע לאָקן.

און די ביימער, הויכע, שטייען
שיין באַוואַקסן און באַהאַנגען;
אויף די פרייע גרינע פעלדער
שוין די הויכע, שיינע וואַנגען

בייגן אָן די שטילע קעפּלאַך
איינס צום אַנדערן און שמועסן:
„אַך, ווען וועלן זיי, ווען וועלן
שוין צו אונז די שניטערס קומען!"

ש. פרוג.

# האַרבסט.

ס'איז דער האַרבסט געקומען,
ס'וועלקן בוים און בלום.
געלע בלעטער, זע איך,
וואַלגערן זיך אום.

ס'קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פייפט אַלידל צו,
און די אָרימע בלעטער
האָבן ניט קיין רו:

הויבן זיך און טאַנצן
טוימערהיים, אַ מאַכט,
און דער ווינט, דער בייזער,
פייפט און שפּילט און לאַכט...

א. רייזען.



# דער וואלד אין הארבסט.

„אך! — ברעכט ארוים דער וואלד
מיט שטורעם און געוויין: —
וואו זיינען זיי, וואס האבן זיי
געלאזן מיך אליין?

איך האב דאך איטליכם פייגעלע
פארזארגט מיט דירה, קעסט,
געגעבן פרייהייט: שפרינגט און זינגט,
צי ליגט בארוט אין נעסט.

און ווי דער ערשטער ווינט פון הארבסט
האט זיי נאר אנגערירט —
צעפלויגן זיינען זיי פון מיר,
דעם „זיי געזונט" פארפירט!"

אבראמאוויטש.



# דער ערשטער שניי.

דער הארבסט האט די אויגן די מידע פארמאכט:
ס'האט שטיל באזילבערט די ערד ביי דער נאכט.

און האט אונז די שויבן מיט בלומען באדעקט;
עס האט אינ'ם צימער מיט שנייען פארשמעקט.

און ליכטיק איז, ליכטיק—דאס אויג ווערט פארבלענדט,
דער שפיץ פונ'ם טורעם אין זונענשיין ברענט;

און ס'דרייט זיך דער ווינט אינ'ם גאסל און לאכט:
דער הארבסט האט די מידיקע אויגן פארמאכט.

מ. טייטש.

# פעטער שנייער.

פוך און פוך, און ווידער פוך...
כּימ׳ אַ ווייסער קלאָרער טוך
דעקט זיך איין דאָס שטעטל.
היי, דער פעטער שנייער פּאַלט!
אויפן פעלד און אויפן וואַלד
בעט ער אוים זיין בעטל.

סישט דער קאַלטער שניי און שיט...
דער וואַלד, דער אַלטער האָט פאַרבליט,
פול מיט ווייסע בליטן.
יעדעס צווייגל שימערט, גליט,
פעטער שנייער ווערט ניט מיד,
ווערט ניט מיד צו שיטן.

ערד און הימל שטייען קלאָר;
מער ניט ראָבן שוואַרצע נאָר
פליען אום אין מיטן,
זאָגן אָן אויף יעדן אָרט,
אַז דער פעטער שנייער פאָרט
אויף זיין גרויסן שליטן.

דוד איינהאָרן.

# ווינטער־מאָרגן.

ס'ציט ארויס זיך פון די קישענס,
קריכט זיך, הייבט זיך שטאלץ און לאנג,
א ראָב אלץ רייט אויף א חזיר —
זיינע פליגלען — אטלאס־בלאנק.

„שריק־שראַק! שריק־שראַק", קריצט דער שניי,
און אויף אלע ווייסן גאס
הערט א קריך זיך, ווי פון מעסערס,
וועלכע רייבן זיך מיט כעס.

דאָס איז מאָרגן־טריט, וואָס סקריפען
פול מיט לעבן, פריידן קול.
ס'פליען פערד, די נאָסער פאָרען,
ס'קלינגען גלעקלעך: „ציל, ציל, ציל!"

ה. נ. ביאַליק.



# אויפן גליטש.

די סאַושלקע פאַרפרוירן שוין! קינדער — אויפן גליטש!
דער רבי וועט מסתמא נאָך זאַמען זיך אין קלויז.
אַ שפרונג פון ברעג, אַ לויף, אַ שטופּ, אַ שטעל די פיס
אַ גליטש!

אַי קנאַפּעלע, אַי משוועקעלע, צעשניי דעם אייז, צעקריץ!
אַי פּרעסטעלע, נישט קריך אַזוי פון אייערל די שפּיץ!
אַי רביניו, נישט גייט נאָך גיך אַזוי פון קלויז אַרויס!

חיי-ריבקה קוקט פון פענסטערל... חיי-ריבעלע, אַהער!
אַ מיידל, מיינט זי, דאַרף נישט קענען לויפן אויפן גליטש.
דו נאַרעלע, דו פרוב אַקאַרשט, עס איז דאָך גאָר נישט שווער!

אַי, קאַפּעלע, וואָס שטייסטו דו דאָרט אין פעלצל, ווי אַ בער?
האָסט מורא, פאַר דעם רבי'ן וועט פאַרמסרן דיך ווער?
ועסט זיין ווי סיי דאָך כאַפּן הינט פון רבין נישט אין שמיץ.

# א פליגעלע, וואס איז געבליבן ווינטערן.

פייגעלאך און טייבעלאך
פליען פארביי די שייבעלאך
אין דער ווייסער וועלט.
איך, דאס קליינע פליגעלע,
זשומע מיר מיין ניגעלע
און לאך פון ווינט און קעלט,
און לאך פון ווינט און קעלט.

איך די שוואכע, קליינטשינקע,
וועל דאך זיין די איינציקע,
ווען דער פרילינג קומט.
און דעם ערשטן פליגעלע,
ר'צייל איך מיט א ניגעלע
ווי בייז דער שטורים ברומט,
ווי בייז דער שטורים ברומט..

ווי די נאכט קלאגט ביטערלאך,
ווי די ווייסע פליטערלאך,
פאלן אויף דער וועלט.
ווי אין גאס די פייגעלאך,
שפרינגען אויף די צווייגעלאך
און ציטערן פון קעלט,
און ציטערן פון קעלט...

ה. רויזענבלאט.

# דער שליט-וועג.

דער שניי איז געפאלן צוויי טעג נאכאנאנד,
א שליט-וועג אויף חדשים געוואָרן;
די פערדעלאך שטייען אין שליטן געשפאנט,
אלץ גרייט שוין און פארטיק צום פארן.

אוי, פערדעלאך-[illegible]! נו, נעמט זיך און פארט!
מיט צאצקעס געשמוקט איז דער שליטן,
צוויי פערד פון די זייטן—די הודשן א פאר,
א לעמפערט, א לייב אין דער מיטן.

דער קוטשער נעמט באלד אלע לייצעס אין
הענט:
— „נו, קינדערלאך, לעבעדיק, פרייליך!"
דעם שליטן כאפט אויף מיטאמאל, ווי א בראנד...
— שטיי, אייל זיך ניט, ווארט-ווארט פאמעלאך!

ניין, ברידער, אומזיסט! ווי א פויגל, א ווינד,
א פייל פונם בויגן, א היכער —
זיי לויפן, זיי שוועבן,—זיי פליען געשווינד,
וואס ווייטער אלץ גיכער און גיכער.

דער וועג איז אין פעלד ווי א שפיגעלע גלאט,
די זון שיינט פון אלע פיר זייטן,
דער קוטשער—א מויק, די פערדעלאך—זאט,
די גלעקעלאך קלינגען פון ווייטן.

ש. פרוג.

# פראָסט.

אוי, צעשפּיל זיך, פראָסט מיט וואוט,
סמאַליע, שטעך און ברען אין בלוט!

גיס דיין שטאָל אין האַרץ ביי מיר
און מיין הויך פון מויל פאַרפריר!

און באַשמיד מיין ברוסט מיט אייזן,
טאָמער וועט זי זיך צערייסן

פון פיל גבורה און פיל מוט.
הוליע, פראָסט, און ברען אין בלוט!

שטריינג די מוסקלען אָן ווי שטריק
און מיין אָטעם מיר פאַרשטיק!

פינקל, שטראַל, שעמער —
וואָס אַמאָל אַלץ מערער פריר!

ח. נ. ביאַליק.
(יידיש—פון שניאור און שוואַרץ)



# שבת צו נאַכט.

שוין מעריב אָפּגעדאַוונט לאַנג,
הבדלה אָפּגעמאַכט.
עס דרייט זיך אום דער טאַטע שטיל,
די מאַמע ויצט פאַרטראַכט.

דער טאַטע נעמט די באָרד אין מויל
און קײַט און קלערט און קלערט;
די מאַמע טוט פון האַרץ אַ זיפץ—
דאָס בלײַבע קינד דערהערט.

— „ניין, מאַמע, זיפץ ניט"‚—זאָגט עס שטיל,
פאַרשעמט זיך און בלײַבט שטיין,
און לאָזט אַראָפּ די אײגעלאַך,
און הייבט זיי אויף פול חן;—

„דער רבי זאָגט: אַ מאַמעס קרעכץ,
וואָס רײַסט פון האַרץ זיך אויס,
בײַ גאָט אין הימל גרויסן צער
און זיפצן רופט אַרויס.

די זון דאָרט אין אַ ווינקעלע
רוקט טרויעריק זיך אָפּ;
אַ וואָלקנדל אַ טונקלס ווערט
און לאָזט אַ טרער אַראָפּ..

## בלומען

אוי, מאַמע, איך וואָלט קיין מאָל ניט
קיין ויפּק געטאָן, ניין, ניין,—
עס איז דאָך אַזוי חיות זען
דעם הימל לויטער, ריין"...
דער טאַטע קוקט די מאַמען אָן,
די מאַמע—אים צוריק;
עס איז זי איצטער וואויל און גוט,
די שטראַלן איצט פֿאַר גליק...

סאָבאָלע.



# צום סדר.

פלעשער װײן און פולע כוסות,
ליכטיק, פרײלאך איז בײם סדר.
איציק קלײבט זיך קשיות פרעגן,
װײל ער לערנט שױן אין חדר.

חזרט איציק שטיל די קשיות,
טיאך-טיאך קלאפט זײן הערצל.
װאָס זשע טונקט מען, די חרוסת,
צי פון כרײן דעם גרינעם װאָרצל?

װאָס, פארגעסן?—פרעגט זיך איציק
און ער הײבט פון אָנהײב אָן,
עפעס פלאָנטערט זיך אין קעפל
המן-טעשלאך, פיל מ'ט מאָן...

המן-טעשלאך איז דאָך חמץ:
שרעקט זיך איציק פאר די זינד,
ניט איז בעסער, טראַכט זיך איציק,
ניט—מע שפילט און מע געװינט...

נאָר עס מישט זיך אױס אין קעפל —
כרײן, חרוסת, מצה און ניס,
און עס קלעפן זיך די אױגלאך —
איציק דרעמלט אײן בײם טיש...

יואל יפה.

# חד־גדיא.

איך האָב פאַר אייך אַ מעשהלע,
אַ מעשהלע גאָר שיין:
דער טאַטע האָט אַ ציגעלע
געקויפט פאַר צוויי גילדיין;

אַ ציגעלע אַ ווייסינקע,
אַ שיינינקע ווי גאָלד,
און צוויי גילדיין מזומנע
האָט ער פאַר דעם באַצאָלט.

איז דאָך אין הויף אַ קאַץ געווען —
אַ מזיק, ווי באַוואוסט,
האָט קעצלען, זיך פאַרצוקן גאָר
דאָס ציגעלע פאַרגלוסט:

געכאַפּט עס מיט די נעגל גלייך,
געמאַכט פון דעם אַ סוף...
וואַרט, וואַרט, מרשעת־קעצעלע,
באַקומסט שוין באַלד דיין שטראָף!

דערזעען האָט עס הינטעלע —
פאַרדריסט עס אים גאַנץ שטאַרק,
ער וואַרפט זיך אויף די בייזע קאַץ
און בייסט איר איין אין קאַרק.

## בלומען

קומט שטעקעלע אין בעם אריין
און טראכט גאר ניט קיין סך —
ער שפאלט דאס קעפל הינטעלען:
— דו הונט, ס'איז ניט דיין זאך!

האט זיך צעפלאקערט פייערל,
פאר בעם צונטער־רויט:
— דו שטעקעלע, דו פלעקעלע,
איך מאך דיר באלד א טויט!

פארוואס האסטו דאס הינטעלען
געבראכן רוק און לענד?
דערפאר וואלסטו מיר אויפן ארט
דא ווערן גלייך פארברענט. —

וואלט אפשר טאקע פייערל
געווען גערעכט דערמיט, —
נאר גיין פארברענען שטעקעלען —
איז אויך קיין יושר ניט.

נאר וואס וועט טאן דאן וואסערל? —
עס פליסט פון קוואל ארויס
און גיסט זיך אום אויף פייערלען
און לעשט אים תיכף אויס.

א גרויסן קאס האט עקסעלע,
נאר שכל ווייער קאפ.
ער לאזט זיך ביז צו וואסערלען;
און ווישט אים ביז א קאפ.

# בלומען

— אָט דאָס איז דײַן גערעכטיקײט,
דו אָקס, דו נאַריש קאָפּ! —
קומט שוחט מיט'ן חלף אָן
און קוילעט עקסלען אויס.

דערזעט דער מלאך-המות דאָס
און גורט די לענדן אָן:
— אַך שוחטל, דו קיילערל,
וואָס האָסטו דאָס געטאָן?! —

ער שטעלט אַ טויזנט אויגן אויס
און ציט זײַן שווערד פון שייד:
— געקוילעט האָסטו עקסלען —
טאָ ווי פֿלײַן געטויט!

קומט אָן הקדוש-ברוך-הוא —
זײַן משפט איז גערעכט —
ער ווייס, דער מלאך בײַנ'ם טויט
האָט דאָ געהאַנדלט שלעכט.

האָט ער דעם מלאך-המות גלייך
געשאָכטן מיט זײַן שווערד,
כדי אמת און גערעכטיקייט
זאָל הערשן אויף דער ערד.

יצחק לוקאָווסקי.



## בלומען

קומט שטעקעלע אין בעם אריין
אין טראכט גאר ניט קיין סך—
ער שפאלט דאס קעפל הינטעלען:
—דו הונט, ס'איז ניט דיין זאך!

האט זיך צעפלאקערט פייערל,
פאר בעם צונטער-רויט:
—דו שטעקעלע, דו פלעקעלע,
איך מאך דיר באלד א טויט!

פארוואס האסטו דאס הינטעלען
געבראכן רוק און לענד?
דערפאר וועלסטו מיר אויפן ארט
דא ווערן גלייך פארברענט.—

וואלט אפשר טאקע פייערל
געוועזן גערעכט דערמיט,—
נאר גיין פארברענען שטעקעלען—
איז אויך קיין יושר ניט.

נאר וואס זשע טוט דאן וואסערל?—
עס פליצט פון קוואל ארויס
און גיסט זיך אויס אויף פייערלען
און לעשט אים תיכף אויס.

א גרויסן קאפ האט עקסעלע,
נאר שכל זייער קנאפ.
ער לאזט זיך ביז צו וואסערלע;
און זופט אויס ביז א קאפ.

# בלוטען

— „אט דאס איז דיין גערעכטיקייט,
דו אקנ, דו נאריש קאפ״ —
קומט שוחט מיט'ן חלף אן
און קוילעט עקסלען אַ.

דערזעט דער מלאך-מות דאס
און טרעט די לענדן אן:
— איך שוחטל, דו קוילערל,
וואס האסטו דאס געטאן?! —

ער שטעלט א טויזנט אויגן אויס
און ציט זיין שווערד פון שייד:
— געקוילעט האסטו עקסלען —
טא ווי פלין געטויט!

קומט אן הקדוש-ברוך-הוא —
זיין משפט איז גערעכט —
ער זעט, דער מלאך פונ'ם טויט
האט דא געהאנדלט שלעכט.

האט ער דעם מלאך-מות גלייך
געשאכטן מיט זיין שווערד,
כדי אמת און גערעכטיקייט
זאל הערשן אויף דער ערד.

יצחק לוקאַווסקי.



# ליל שמורים.

שוין פאַררוקט פון אַלע כוסות
האָט דער נביא אליהו,
שפּילע רו-מלאָכים פליען
פון די הימלען פון די בלאָע...

טראָגן זיך פון הויז צום הויז,
שוועבן אום אויף אַלע דעכער,
גנבען זיך אַריין אין פענסטער,
קריכן דורך די שליסל-לעכער...

בענטשן אומעטום געלעגער,
קושן יעטוועדן באַזונדער,
שושקען יעדן אין זיין שלומער
זיסע טרוימען, הימל-וואונדער...

הייליק איז דאָס קליינע גערעט,
ס'טאָר קיין בייז אים ניט פאַסירן,
שניי-געפליגלטע מלאָכים
שטייען וועכטער, ביי די טירן...

יהואָש.



# א וויג-ליד.

(נאך באלמאנט).

ס'האט דאס ווינטל זיך געשטילט,
אוונט האט די ערד פארהילט,
שטערנדלאך מיט זייער שיין
ווינקן דיר: שלאף איין, שלאף איין!
פאר דיין גורל שרעק זיך ניט —
איך, דיין מאמע, היט דיך, היט...
איך, דיין מאמע, זינג דיר צו:
אליע=ליוליע=ליו!

ווער עס ווייס פון נויט און פיין,
דארף די נאכט א רו אים זיין;
אלץ, וואס אטעמט אויף דער ערד,
שלאפט שוין זיס און אומגעשטערט;
ס'דרימלען פייגל, בלום און ווינט —
רו און שלאף דו אויך, מיין קינד.
איך וועל אפהיטן דיין רו:
אליע=ליוליע=ליו!

אברהם כהן

# דער מלאכל.

ס׳האָט אַ מלאכל געפֿלידערט
אויף דער שלעפֿעריקער ערד;
קיינער האָט אים נישט געזוכט,
קיינער האָט אים נישט געהערט...

אויסגעשטערנט איז דער הימל —
ס׳איז אַ שיינע נאַכט געווען!
פֿילע אויגן האָט דער הימל —
און זיי האָבן וואָס געזען;

ווי דער מלאך האָט אין פֿליען
אין דער לופֿטן געשפּאַצירט,
ווי די פֿליגעלאַך, די ווײַסע
האָבן קינדער-שלאָף גערירט...

ווי ער האָט געגלעט די בלאַסע
ברידער, שוועסטערלאַך — אין שלאָף...
און ער האָט דערציילט זיי שטילער
שיינע מעשיות — אָן אַ סוף.

און ער האָט זיי שיין געווונגען;
האָבן קינדערלאַך געלאַכט,
ווײַל חלומות שיינע האָבן
זיי געזען אין יענער נאַכט!

משה בראָדערזאָן.



# קויפט, קויפט, קונים!

קויפט, קויפט, קונים!
איך האָב אײך צו פֿאַרקויפֿן:
אַ פֿערדעלע, אַ וועגעלע,
אויף רײַטן און אויף לויפֿן.

קויפט, קויפט, קונים!
מיר וועלן זיך נישט [illegible],
כ׳האָב מענטשעלעך, פֿײגעלעך,
וואָס ברעכן זיך און שפּרינגען.

פּאַיאַצעלעך און שטענדריקלעך,
מיט קאַפּעקלעך און גלעקלעך,

מיט רויטע, געלע הויזלאך,
מיט צפּנגעפּארבטע בעקלאך.

כ'האָב פּערדעלאך און ציגעלאך,
כ'האָב פּויקן און טרומייטן.
איר קריגט זיי נישט אין ערגעץ נישט,
אין גאנצער שטאָט אין קיינעם.

טאָ קומט, קומט, קינדער,
באַקאַנטשאַפט מיט מיר מאַכן!
כ'האָב צאַצקעלאך און שפּילעכלאך
און אַלע גוטע זאַכן.

און זיכער זיט מיר, קינדערלאך,
צופרידן וועט איר בלייבן, —
טאָ נייט זיך, קינים, ביימעלאך,
אויף גרעסעלאך צו קלייבן.

נ. סתּר



# ביים קראנקן קינד.

טרויריק איז דער קינדער=חדר,
ס'הערשט א טויטע שטילקייט דארט:
אלע צאצקעס ווי פאריתומטע,
ליגן שטום אויף זייער ארט.

אט די שיינע, גרויסע פאפקע, —
נינא הייסט זי,—שטייט פארקלעמט;
האלבער טאג שוין,—איז זי הייל נאך,
ניט געוואשן, ניט פארקעמט.

ניט געשפאנט אין א ווינקל,
שטייען פויל די הייסע פערד;
און ארויף מיט אלע רעדער
ליגט דער וואגן אויסגעקערט...

עפעס פיקן זיך די צאצקעס
ווי פארשולדיקט, פול מיט זינד,
וואס מיט זיי זיך שפילן קאן ניט
היינט דאס שלאפע, קראנקע קינד.

און זיי שטייען שטארק פארזארגטע,
זיי פאריתומט—שטיל און שטום, —
און א גרויסער, טיפער טרויער
טראגט אין חדר זיך ארום!

אברם פוקסאן.

## בלומען

גיכער, שלומהלע און מער!
שטעלט אוועק זיך זאַלבענאַנד!
האַלט זיך פעסט נאָר אויפן ברעטל,
לאָזט די שטריק נישט אָפּ פון האַנט!

ווינג זיך, צעווינג זיך, מיין הוידע,
ווינג זיך אין שאָטנס באַנאַכט...
ווינג זיך פאַרטראַכט און נים וואַרף זיך —
ביזט פאַר די קינדער געמאַכט...

ווינג זיך, צעווינג זיך, מיין הוידע,
ווינג זיך אַרויף און אַראָפּ.
ס׳איז מיר אויף דער נשמה חלשות,
פאַלט זיך פון דיר נים אַראָפּ.

ל׳יב נייחס.



# מיין קעצעלע.

איך האָב געהאַט אַ קעצעלע,
אַ קעצעלע אַ ווייס,
מיט אויערלעך צוויי שפּיציקע
צו שפּירן גאָר די מייז;

מיט אייגעלעך צוויי בלינקע,
ווי אמתער בורשטין,
וואָס פלעגן אַמאָל זיך אָנצינדן
און פינקלען גאָלדיק־גרין.

איר קליינע ווייסע פעלכעלע
געהאַט האָט צאַרטע האָר,
וואָס זי פלעגט תמיד רייניקן
און האַלטן תמיד קלאָר.

און מאַנכער פלעגט אַ טראָפּעלע
אַרויפפאַלן אויף איר,
דאַן פלעגט זי נעמען פּוצן זיך
און וואַשן אָן אַ שיר.

## בלומען

דאָס קלײנע ווײַסע קעמערלע
געווען איז ווײַטער קלוג:
די האָט געזוכט דאָס ווינקעלע,
וואו ס'שטייט פֿון מילך דער קריג;

און וואו דאָס טעפּל פּוטער איז,
פֿון שפּײַז-אַלמער דעם מלאַן —
אַ גרויסע, גרויסע נאַשערקע
געווען איז מײַן (פֿאָן).

די פּלעגט זיך שפּיל פֿאַרגנבֿענען,
בשעת איך פּלעג נישט זען,
און אויפֿנאַשן אין שפּײַז-אַלמער
דאָרט אַלץ, וואָס איז געווען.

און ווען איך פּלעג צוריקקומען,
דאַן פּלעגט זי רײַצן שפּיל
און וואַשן זיך די וואָנציקעס
און טרוקענען מיט געפֿיל

נאָר אײנמאָל איז געשען מיט איר
אַ מעשה גאָר אַ שרעק:
אויף יאָגן נאָך קלײנע פֿײגעלאַך
איז זי אין הויף אַוועק;

פֿון הויף אין פֿעלד און יאָגנדיק
די פֿײגעלאַך צום וואַלד, —
אַן אָדלער מיט אַן אָדלערטע
באַגעגנט האָט זי באַלד.

# דאָס פֿינגעלע.

שיגולע, דו פֿינגעלע!
בלײַב אַ װײַלע שטײן!
לאָז באַקוקן דיך, פֿינגעלע,
דו ביסט דאָך אַזױ שײן!
אַ קוגל װי אַ רינגעלע,
אַ דרײַ־ערטל, שײן...
דאָס מײַן פֿינגערס רינגעלע
מעשינקעס, װי דײַן
שפּילט זיך מיטן שטערעלע
װאַרפֿט עס הין־צוריק,
דערלאַנגט אין װאַמד אַ גראַבעלע,
אַ נישטער און אַ פּיק;
כאַפּט אַ װײַסע ברעקעלע,
קוקט זיך אום דערפֿרײט,
אַ שװעקל מיטן עקעלע,
די פֿליגעלאַך צעשפּרײט —
פֿר־!... אין בלאָען הימעלע
פֿליט עס שױן געשװינד,
אױף דײַן דינער שטימעלע
רעדט עס מיטן װינט...
אָך, לאָז אַרױס זיך, פֿינגעלע!
אַ רינגעלע בלײַב שטײן!
לאָז מיך זען דיך, פֿינגעלע,
דו ביסט דאָך אַזױ שײן!

מ. פּערלין.



# מיין קיעלע.

אוי ווי ליב מיין רויטע קיעלע איז מיר!
איך האָב אָנגעריסן גרעזעלאך פאַר איר:
עס זיך אָן צו זאַט, אוי, קיעלע דו פיין!
זאָל דיר וואויל באַקומען, רויטינקע דו מיין!

אוי ווי ליב מיין רויטע קיעלע איז מיר!
כ'האָב אַ צעבער קלייען אויך פאַרמישט פאַר איר.
האָבן זאָל מיין קיעלע איר עסן צו גענוג,
געבן זאָל מיין רויטינקע מיר מילך אַ פולן קרוג.

א. כהן.



# דאָס גערטל.

אוי, איך וועל אַ פרייד דערלעבן!
מיר אין גאָרטן אָפּגעגעבן
אַ בייט אַ גאַנצע שוואַרצע ערד, —
פייגעלאך, איר הערט?

געאַקערט דורך האָב איך די בייט
און מיט בלימלאַך אויסגעזייט; —
אַ בלימל נאָך אַ בלימל שפּראָצט, —
פייגעלאַך, איר גלאָצט?

בלעטלאַך וויבער איך געני,
רעד הימל—נישט געקאַרגט קיין מוי,
וואַקסן בלימעלאַך, ווי גאָלד, —
איר האָט זי האָלט?

# בלומען

שפּרינגט אײַך, פֿינגעלאַך, און הופּט,
נאָר קײן בלעטעלאַך געצופּט!
קײן שאָדן נישט געמאַכט בײַ מיר,
פֿינגעלאַך, קײן ריר!

לאָזט די בליען, לאָזט די שמעקן,
אַ ניט, איר וועט—כ׳האָב אַ שטעקן
און צעיאָג אײַך, אויב איר שטערט!
פֿינגעלאַך, איר הערט?!

י. ל. פּרץ.



# קאָרן־שוועסטערלאַך.

1.

קענט איר, קינדערלאַך,
די קאָרן־שוועסטערלאַך?
זיי זיינען בלימעלאַך
אין פרייען פעלד:
עס גיבן בלאָאינקע,
עס גיבן רויטינקע,
אויך גיבן געלינקע,
ווי אייך געפעלט.
זיי וואַקסן צווישנטער
אין אַלע ווינקעלאַך,
וואו זאַנגען זיינען דיך
און תבואה בליט;
נאָר פעלד באַקרוינען זיי,
זיין ברוט באַשיינען זיי,
און בליען לוסטיקע
נאָך זון געהיט.

2.

די ערשטע, ווייסט איר דאָך,
זיי זיינען בלאָאינקע,
מען רופט זיי בלימעלאַך
פון קאָרן דאָ,
און ווען דער זאַנג צעריסט

זיין גרינע העמדעלע,
דאן ווערט דאָס פעלד פון די
אינגאַנצן בלאָ:
פול בלאָע קופּעלאך
פון גוטע שוועסטערלאך,
וואָס נייגן, נייגן זיך
צו יעדן זאַנג,
און ווינשן שטילערהייט
אים וואַכן ליכטיקע
און רעגנס זעטיקע
זיין זומער לאַנג.

3.

די צווייטע זיינען דאָס
די קאָרן-רעדעלאך,
וואָס קומען אָנזאָגן
דעם ערשטן גאָלד,
וואָס נעמט באַשמירן ביים
זאַנג די העדעלאך,
און גאָלדיק-גריניק ווערט
דאָס פעלד באַמאָלט.
זיי שיסן אויף אין הויך,
ווי פּורפּור-פלעמעלאך,
די בעכערס אָפענע
פאַר טוי און שיין,
און שלאַנקע שטייען זיי
אַזוי דעם זומער אָס,

ביז װאַן דער שניטער קומט
אין פֿעלד אַרײַן.

4.

די פֿעלדער שפּרייטן זיך
שוין אָפּגעשניטענע.
עס ליגט דער קאָרן שוין
און װאַרט אין מיל;
געבליבן זײַנען נאָר
אין פֿעלד די גפֿלינקע,
די שוועסטער־ברידערלאַך,
װאָס װאַקסן שטיל:
דרײַ געלע פֿליטערלאַך,
צװײ װײַסע פֿליטערלאַך,
פֿאַראײניקט שפּרינגען זיי
צװישן שטרוי,
און װײַנען, טרויערן
איבער אַלע בלימעלאַך,
און װעלקן שטילינקע
אין קאַלטן טוי.

דוד אײנהאָרן.

Neidus

# אַ קאַראַהאָד.

קינדער, הערט! איר ווילט מיר פֿאָלגן? —
זעט, ווי פֿריש עס איז דער סאָד! —
נעמט אײַך אַלע פֿאַר די הענטלאַך,
לאָמיר גײן אַ קאַראַהאָד!...
אָט אַזוי,
אָט אַזוי, —
לאָמיר גײן אַ קאַראַהאָד!...

וואָס זשע שטייט איר, ווי אַ גולם,
בערל, יאָסל — נו געשווינד!
הײ, אַ הײב די פֿיסלאַך, עולם,
אַז אַ פֿאַך טאָן זאָל אַ ווינט!...
אָט אַזוי,
אָט אַזוי, —
אַז אַ פֿאַך טאָן זאָל אַ ווינט!...

כאַ-כאַ-כאַ! דער פֿויגל שרעקט זיך,
און די בײמער קוקן אָן...
טאַנצט זשע האַסטיקער, און יעדער
זאָל זיך ווײַזן, וואָס ער קאָן!...
אָט אַזוי,
אָט אַזוי, —
זאָל זיך ווײַזן, וואָס ער קאָן!...

איצט לאָזט לאַנגזאַמער די פֿיסלאַך
און שטעלט אָפּ די טענצערײַ,

## בלומען

אפרוען צו ביסלאך,
נאכדעם אויף דאס ניי!...
אט אזוי,
אט אזוי, —
דערנאכדעם אויף דאס ניי!...

לייב נײדוס

